# לייענביכער פאר דער אידישער שול

## דאָס ערשטע לייענבוך

צוזאַמענגעשטעלט פון

י. שטיינבוים

אילוסטרירט פון

ב. אַרנסאָן, א. גודלמאַן, ז. מאוד און י. קאַטלער.

צווייטע פארבעסערטע אויפלאַגע




פאַרלאַג „ערציאונג", ניו יאָרק, 1926

הויפטפארקויף ביים פאַרלאַג פון

מאַקס נ. מייזל

424 גרענד סטריט ניו יאָרק

# לייענביכער פאַר דער אידישער שול

## דאָס ערשטע לייענבוך.

## אינהאַלט:

זייט

# עטלעכע באַמערקונגען

1. אויפ׳ן אידישן ביכער־מאַרק געפינען זיך שוין איצטער אַ היפּשע צאָל אָנפאַנגער־טעקסטן צו לערנען קינדער לייענען און שרייבן אידיש און אַ ריי כרעסטאָמאַטיעס — אַריינצופירן די קינדער אין דער וועלט פון דער אידישער און טיילווייז אין דער וועלט פון דער אַלגעמיינער ליטעראַטור. אָבער נישט געקוקט דערויף, פילט זיך אַ דוחק, דאָ ביי אונז, אַזוי גוט, ווי אויף יענער זייט ים, אין נייע טעקסטן, וואָס זאָלן זיין צופרידנשטעלנדיקער סײַ בנוגע דער מעטאָדע, וואָס דאַרף באַנוצט ווערן אין אונטער־ריכט (דער עיקר ביי אָנפאַנגער), סײַ בנוגע דעם אינהאַלט, וואָס דאַרף זיין דער הויפּט־ציל אין יעדער שול־אַרבעט. אָט דער דוחק אין אַ בעסערער מעטאָדע און אין אַ בעסערן אינהאַלט, האָט גע־פירט צו דער צוזאַמענשטעלונג פון דער סעריע „לייענביכער פאַר דער אידישער שול“ פון וועלכער עס ערשיינען איצטער די ערשטע צוויי טיילן.

2. אַלע פראַגן בנוגע דער מעטאָדע פון לערנען, לייענען און שרייבן אידיש, ווערן פון דעם צוזאַמענשטעלער באַהאַנדלט אין זיין „האַנטבוך“ צו דער סעריע לייענביכער, וואָס ערשיינט גלייכ־צייטיק מיט די כרעסטאָמאַטיעס. אין „האַנטבוך“ וועט דער לע־רער אויך געפינען גענויע אָנווייזונגען, ווי אָנצוגיין מיט יעדער לעקציע, באַזונדערס בנוגע די לעקציעס פון ערשטן לייענבוך.

3. די ערשטע צוויי טיילן*) זיינען באַשטימט פאַר דעם ערשטן יאָר אַרבעט אין דעם למוד פון אידיש, אין די דורכשניטלאַכע אי־דישע שולן אין אַמעריקע. ווי לאַנג עס דאַרף נעמען אַדורכצוגיין דאָס ערשטע לייענביכל און ווי לאַנג — דאָס צווייטע, איז אָפּ־

*) צוזאַמען מיט די „צוגרייטונגס־מאַטעריאַלן“ צום ערשטן לייענבוך.

הענגיק אַן דעם אופן, ווי דער לערער פירט דורך זיין אַרבעט און אַן דעם עלטער פון די קינדער, וואָס קומען אַן אין ערשטן קלאַס. אונטער די איצטיקע באַדינגונגען איז שווער אַוועקצושטעלן אַ מאָס פאַר אַלע שולן.

4. דער צוזאַמענשטעלער האָט זיך באַנוצט מיט די מערסטע אידישע טעקסטביכער און קינדער־זשורנאַלן ביים צוזאַמענשטעלן די ערשטע צוויי לייענביכער, באַזונדערס מיט די פאָלגנדע זשור־נאַלן: „קינדער זשורנאַל" (ארויסגעגעבן פון שלום עליכם פאָלקס אינסטיטוט, ניו־יאָרק), „קינדערלאַנד" (אַרויסגעגעבן פון אַרבעטער רינג, נו־יאָרק) און „גרינינקע ביימעלאַך".

5. דער צוזאַמענשטעלער איז שולדיק אַ דאַנק דעם אידישן דיכטער נחום י. און דעם מעשה־דערציילער לעאָן עלבען פאַר זייער וואונדערבאַרער גרייטקייט אים צו העלפן מיט זייערע שאַפונגען; דעם טאַלאַנטפולן ריימען־שרייבער ב. סמאָליאַר פאַר דער זעלבער גרייטקייט; דעם לערער א. ל. גאָלדמאַן פאַר זיינע אָנווייזונגען בנוגע דעם צוזאַמעשטעל פון די מאַטעריאַלן, און דעם ענערגישן שול־טוער י. קאַמינסקין (פון די שלום עליכם פאָלקס שולן) פאַר זיין גרויס־אַרטיקן אינטערעס אין דער אַרבעט.

ניו יאָרק, יולי, 1924.

## באַמערקונג צו דער צווייטער אויפלאַגע.

אין דער איצטיקער אויפלאַגע זיינען אויסגעבעסערט געוואָרן אַלע טעכנישע פעלערן. עס זיינען אויך געענדערט געוואָרן עטלאַכע לידלאַך און מעשה'לאַך און געוויסע אילוסטראַציעס. עטלאַכע לייכטע זאַכן פון צווייטן לייענבוך זיינען אריינגעשטעלט געוואָרן אהער און עטלאַכע שווערע זאַכן פון דעם לייענבוך — אין צווייטן.

דאָס איצטיקע לייענבוך דאַרף גענוצט ווערן נאָך די „צוגריי־טונגס־מאַטעריאַלן" און לויט די אָנווייזונגען אין „האַנטבוך פאַר לערער".

ניו יאָרק, יאַנואַר, 1926.

# איינס, צוויי, דריי



איינס — אָט שטייט ער,
צוויי — אָט גייט ער,
דריי — אָט נעמט ער לויפן שנעל.

שנעל געלאָפן —
ניט געטראָפן:
האָפ! געפאַלן לעבן שוועל.



# די קאַץ מיטן פֿידל

רידל-דערידל,
די קאַץ מיטן פֿידל,
די קו איז געפֿלויגן איבערן דאַך.
דער הונט גיט אַ לאַך,
ווען ער זעט אַזאַ זאַך;
און דער טאָפּ טאַנצט אַוועק
מיט די לעפֿלאַך.



# עטל די קליינע

עטל די קליינע
האָט געשפּילט זיך אין קיך,
איז געקומען דאָס קעצל
און פאַרשלעפּט אירע שיך.
זיצט עטל די קליינע
אין שטוב איצט אַליין,
און וואַרט ביז די מאַמע
וועט קומען צוגיין.



# די זיידעס מיט די באָבעס

די זיידעס מיט די באָבעס
קומען פון אַלע עקן,
מיט די גרויסע טאָרבעס,
מיט די לאַנגע שטעקנס.

און קינדערלאַך, וואָס וויינען,
ווילן גוט ניט זיין, —
אין די גרויסע טאָרבעס
כאַפּן זיי אַריין.

# בערל לעקער

בערל לעקער איז געקומען צום בעקער
פרייטיק, האַלב נאָך זעקס;
זאָגט בערל לעקער צו דעם בעקער:
— גיב מיר זיס געבעקס.
זאָגט דער בעקער צו בערל לעקער:
— ווייז מיר פריער געלט.
זאָגט בערל לעקער צו דעם בעקער:
— אָט דאָס איז, וואָס מיר פעלט.



# אַמאָל איז געווען אַ הון מיט אַ האָן

אַמאָל איז געווען אַ הון מיט אַ האָן —
די מעשה הייבט זיך אָן.

אַמאָל איז געווען אַ קו מיט אַ קאַלב —
די מעשה איז שוין האַלב.

אַמאָל איז געווען אַ וואָגן מיט אַ שליטן —
די מעשה איז שוין אין מיטן.

אַמאָל איז געווען אַ שטאָק מיט אַ שטעקעלע —
די מעשה איז שוין אַ ברעקעלע.

אַמאָל איז געווען אַ קאַץ מיט אַ מויז —
די מעשה לאָזט זיך אויס.





# די בעטלער

קוקורעקו, האָן!
בעטלער קומען אָן!
קומען ערגעץ פון דער ווייט;
ווער אין לאַטעס,
ווער אין שמאַטעס,
ווער אין זופּיצעס פון זייד.
קוקורעקו, האָן,
בעטלער קומען אָן.

כ׳קען אַ קינד וואָס שרייט און טומלט,
און לאָזט די מאַמע נישט צורו,
דו ווילסט וויסן, ווער דאָס קינד איז ?
ניט דו, אָ, ניין ! ניט דו.

כ׳קען אַ קינד וואָס וויל נישט פאָלגן,
און שלאָגט די שוועסטער אימערצו ;
דו ווילסט וויסן, ווער דאָס קינד איז ?
ניט דו, געוויס ניט דו...





# דער פעטער עליע

גאַס אײַן, גאַס אויס,
לויפט דער פעטער עליע,
טרעפּ אַרויף, טרעפּ אַראָפּ,
אין זײַן לאַנגער דעליע.
ער קלאַפּט אין די פענסטער,
ער שרײַט דורך דער טיר:
זײַנען די קינדערלאך אין בעט שוין?
אַניט, נעם איך זיי צו מיר.



# עליע קאַפּעליע

עליע-קאַפּעליע, לאַנגע פּיס,
זאָג, וואָס דאַרפסטו האָבן ?
איך האָב געבראַכט אַ זעקל ניס
און אַ זיסן פלאָדן.

זיבן געבליבן, אַכט געבראַכט,
נייען אַלע איניינעם, —
האָט אייך, קינדער, אַ גוטע נאַכט
און אַ טאָג אַ שיינעם.

# פֿייגעלע, פֿייגעלע

— פֿייגעלע, פֿייגעלע!
— פֿי, פֿי, פֿי!
— וואו איז דער טאַטע?
— ניטאָ הי.
— ווען וועט ער קומען?
— מאָרגן פֿרי.
— וואָס וועט ער ברענגען?
— מאַראַנצן פֿיר.
— וואו וועט ער שטעלן?
— הינטער דער טיר.
— מיט וואָס וועט ער צודעקן?
— מיט פּאַפּיר.
— ווער וועט עסן?
— איך מיט דיר.



# די מומע זעלדע

הענט אויף מיינע אייגעלאַך,
אַ שטימע הינטער מיר:
— זאָג, ווער איז דאָס מאָטעלע?
ווער שטייט דאָס הינטער דיר?

— כ׳ווייס ניט מומע זעלדעניו,
דו האָסט דאָך מיך פאַרבלענדט;
ווי-זשע קען איך וויסן,
אַז דו נעמסט ניט צו די הענט?





# זיצן, זיצן זיבן מייז

זיצן, זיצן זיבן מייז
אין אַ שטאַל און שפּינען;
גייט די געלע קאַץ פאַרביי
און שטופּט איר קאָפּ דרינען.
— זאָל איך אַריינגיין העלפן אייך
די פעדים אָפּצורייסן?
— ניין, ליבע קאַץ, ביסט אויסן בלויז
די קעפּ אונז אָפּצובייסן.

# אַ גרויסער פֿאַרדינער

אַלע טאָג פֿאַרדין איך געלט.
אוי, ווי רייך איך בין!
ווייסטו וויפֿיל איך פֿאַרדין?
פֿאַרן אָפּוואַשן די הענט
גיט די מאַמע מיר אַ סענט;
און אַז פּאַפּאַ זוכט זיין הוט
לויף איך שנעל און געפֿין —
גיט ער מיר דערפֿאַר אַ סענט.
און אַז איך בין זייער גוט,
קריג איך נאָך אַ סענט פֿון מאַמען.
וויפֿיל קומט דאָס אויס צוזאַמען?



# שלאָף, שלאָף, שלאָף

שלאָף, שלאָף, שלאָף.
דער טאַטע וועט פאָרן אין דאָרף;
וועט ער ברענגען אַן עפּעלע —
וועט זיין געזונט דאָס קעפּעלע.

שלאָף, שלאָף, שלאָף.
דער טאַטע וועט פאָרן אין דאָרף;
וועט ער ברענגען אַ ניסעלע —
וועט זיין געזונט דאָס פיסעלע.

שלאָף, שלאָף, שלאָף.
דער טאַטע וועט פאָרן אין דאָרף;
וועט ער ברענגען אַן ענטעלע, —
וועט זיין געזונט דאָס הענטעלע.

שלאָף, שלאָף, שלאָף.
דער טאַטע וועט פאָרן אין דאָרף;
וועט ער ברענגען אַ העזעלע —
וועט זיין געזונט דאָס נעזעלע.

שלאָף, שלאָף, שלאָף.
דער טאַטע וועט פאָרן אין דאָרף;
וועט ער ברענגען אַ פייגעלע —
וועט זיין געזונט דאָס אייגעלע.

# האָב איך אַ פּאָר אָקסן

האָב איך אַ פּאָר אָקסן, אָקסן,
וואָס זיי בראָקן לאָקשן, לאָקשן.
אַך וואונדער, איבער וואונדער
ווי די אָקסן בראָקן לאָקשן,
דאָס איז מיר אַ וואונדער,
דאָס איז מיר אַ וואונדער.

האָב איך אַ פּאָר בערן, בערן,
וואָס זיי שטיבער קערן, קערן,
אַך וואונדער, איבער וואונדער,
ווי די בערן שטיבער קערן,
ווי די אָקסן בראָקן לאָקשן,
דאָס איז מיר אַ וואונדער,
דאָס איז מיר אַ וואונדער.

האָב איך אַ פּאָר ציגן, ציגן,
וואָס זיי קינדער וויגן, וויגן,
אַך וואונדער, איבער וואונדער,
ווי די ציגן קינדער וויגן,
ווי די בערן שטיבער קערן,

ווי די אָקסן בראָקן לאָקשן,
דאָס איז מיר אַ וואונדער,
דאָס איז מיר אַ וואונדער.

האָב איך אַ פּאָר פייגל, פייגל,
וואָס זיי באַקן בייגל, בייגל.
אַך וואונדער, איבער וואונדער,
ווי די פייגל באַקן בייגל,
ווי די ציגן קינדער וויגן,
ווי די בערן שטיבער קערן,
ווי די אָקסן בראָקן לאָקשן,
דאָס איז מיר אַ וואונדער,
דאָס איז מיר אַ וואונדער.



# ווער ווייס איינס

.1

ווער ווייס איינס?
— איינס ווייס איך:
איינס איז אַ קעפּעלע
מיט אַ קליין צעפּעלע.

.2

ווער ווייס צוויי?
— צוויי ווייס איך:
צוויי עקן
האָט אַ שטעקן.
איינס איז אַ קעפּעלע
מיט אַ קליין צעפּעלע.

.3

ווער ווייס דריי?
— דריי ווייס איך:
דריי עקן
האָט אַ קרעפּל.
צוויי עקן
האָט אַ שטעקן.
איינס איז אַ קעפּעלע
מיט אַ קליין צעפּעלע.



.4

ווער ווייס פיר ?
— פיר ווייס איך :
פיר עקן
האָט אַ בעקן.
דריי עקן
האָט אַ קרעפּל.
צוויי עקן
האָט אַ שטעקן.
איינס איז אַ קעפּעלע
מיט אַ קליין צעפּעלע.

.5

ווער ווייס פינף ?
— פינף ווייס איך :
פינף פינגער
איז אַ כאַפּ,
פיר עקן
האָט אַ בעקן.
דריי עקן
האָט אַ קרעפּל.
צוויי עקן
האָט אַ שטעקן.
איינס איז אַ קעפּעלע
מיט אַ קליין צעפּעלע.

# ציגעלע און וויגעלע



ציגעלע-מיגעלע איז געשטאַנען
אונטער אינגעלעס וויגעלע.
וויל ציגעלע אַריין אין וויגעלע.
זאָגט מאַמע: ניטע ציגעלע,
אינגעלע אין וויגעלע!
זאָגט ציגעלע: איך אויך אין וויגעלע!
זאָגט מאַמע: אינגעלע אין וויגעלע,
ציגעלע אונטער וויגעלע!
נעמט ציגעלע וויינען: או! או! או!
זאָגט מאַמע: אינגעלע אין וויגעלע,
אָט איז מילך אין קריגעלע!
ציגעלע מילך געטרונקען,
ציגעלע מער ניט געוויינט.

# זיסעלע און ניסעלע

זיסעלע האָט אַ ניסעלע.
וואו גענומען? געפונען!
נעמט זיסעלע דאָס ניסעלע,
גיט אַ קייקל מיטן פיסעלע.
איז אַוועק ניסעלע.
וויינט זיסעלע:
וואו מיין ניסעלע?
קומט מאַמע און פרעגט:
וואָס וויינסטו, זיסעלע?
ענטפערט זיסעלע:
ניטאָ קיין ניסעלע!
זאָגט די מאַמע:
וויין ניט זיסעלע.
נאַדיר אַן אַנדער ניסעלע.
זיסעלע וויינט ניט מער.



# אַרעלע און באַרעלע

אַרעלע זעט אַ באַרעלע.
וואו? אויפן ביימעלע.
זאָגט אַרעלע צו באַרעלע:
פאַל אַראָפּ, באַרעלע!
באַרעלע וויל ניט פאַלן.
נעמט אַרעלע אַ שטעקעלע,
גיט אַ קלאַפּ ביימעלע
אין קעפּעלע,
באַרעלע וויל שוין פאַלן.
גיט אַרעלע נאָך אַ קלאַפּ,
באַרעלע געפאַלן.
אַרעלע אויפגעהויבן באַרעלע,
אַרעלע געגעסן באַרעלע.
אַרעלע איז גאָר ניט קיין נאַרעלע.



# דאָס קינד און די פּעני

אַ קינד איז געשטאַנען און געוויינט. קומט אָן אַ מאַן.

— וואָס וויינסטו, אינגעלע?—פרעגט דער מאַן.

איך האָב פאַרלאָרן אַ פּעני, — ענטפערט דאָס קינד.

—נאַ דיר אַן אַנדערע פּעני, — זאָגט דער מאַן.

דאָס קינד נעמט די פּעני און וויינט ווידער.

— וואָס וויינסטו איצט? — פרעגט דער מאַן.

— ווען איך וואָלט ניט פאַרלאָרן מיין פּעני, — ענטפערט דאָס קינד, — וואָלט איך דאָך איצט געהאַט צוויי.



# די בעסטע מאַמע

אַ מיידעלע איז געשטאַנען אין גאַס און האָט געוויינט. גייט פאַרביי אַ מאַן און פרעגט:

— וואָס וויינסטו, מיידעלע? האָסטו עפּעס פאַרלאָרן?

— איך ווייס ניט, וואו מיין מאַמע איז, — האָט דאָס מיידעלע געענטפערט און ווידער געוויינט.

האָט דער מאַן זי ווידער געפרעגט:

— ווער איז דיין מאַמע, מיידעלע?

האָט דאָס מיידעלע געענטפערט:

— איר קענט ניט מיין מאַמען? זי איז די בעסטע און שענסטע מאַמע פון אַלע מאַמעס אויף דער וועלט



# די קראָ און דער פֿוקס

אויפֿן בוים שטייט אַ קראָ.
די קראָ האַלט אין מויל אַ שטיקל קעז.
קומט דאָס פֿיקסעלע, צוקער-פֿיסקעלע,
און סע רעדט זיך זים:
קראָעלע! קראָעלע!
דו ביסט אַזוי שיין! אַזוי שיין!
שפּיל מיר, שפּיל, מיין טייערס, שפּיל אַ לידעלע!
שפּילסט דאָך שענער פֿונם בעסטן פֿידעלע!
קראַקעט די קראָ: קראַ, קראַ, קראַ!
פֿאַלט דער קעז פֿון מויל אַרויס.
כאַפּט דאָס פֿיקסעלע דעם קעז
און אוים! — נישטאָ מיך!



# אַ פֿאַרבלאָנדזשעט קעצעלע



קאַץ האָט אַמאָל געהאַט עטלאַכע קעצעלאַך. איינמאָל איז זי אַרוים מיט די קעצעלאַך שפּאַצירן. איז איין קעצעלע אַוועקגעלאָפֿן און איז פֿאַרבלאָנדזשעט געוואָרן.

דאָס פֿאַרבלאָנדזשעטע קעצע־לע איז געווען זייער אַ קליינס און איז געווען בלינד. איז עס אַרומגעקראָכן איבער די שטיי־נער פֿון די גאַסן און האָט געמיאַוקעט און געוויינט.

גייט פֿאַרביי אַ מיידעלע. זעט דאָס מיידעלע — אַ קעצעלע שטייט און וויינט. נעמט זי דאָס קעצעלע אויף די הענט, זעט זי — עס איז בלינד.

האָט דאָס מיידעלע צוגענומען דאָס קעצעלע צו זיך אַהיים. זי האָט עס געהאָדעוועט מיט מילך און דאָס קעצעלע האָט זי דערפֿאַר זייער ליב געהאַט



# איינס א הינטל

איי, איי, איי, אַיי, אַיי, אַיי!
כ'האָב געהאַט נאָר צוויי: כ'האָב געהאַט נאָר דריי:
איינס אַ הינטל, קעצל, הינטל,
צוויי אַ קעצל, און אַ לעמל,
אָט דאָס זיינען זיי. לעמל-לעמעליי.

קיר, קיר, קיר!
איצטער האָב איך פיר:
ס'האָט מיין טאַטע
געקויפט אַ פערדל,
פאַר אַ דרייער מיר.



# אינגעלע־צינגעלע

אַמאָל איז געווען אַ באָבע מיט אַ זיידן. זיי האָבן ניט געהאַט קיין קינדער און ס׳איז זיי געווען זייער אומעטיק.

איינמאָל, אין אַ זומערדיקן טאָג, זיצט זיך די באָבע אויפֿן גאַניק און שטריקט אַ זאָק. זעט זי, ווי עמיצער קריכט אַרויס פֿון גראָז און דראַפּעט זיך צו איר אויפֿן שויס. זי טוט אַ קוק, ערשט ס׳איז אַ אינגעלע, אַ שיינס אַ קליינס, ווי אַ קליין פֿינגערל די גרויס.

האָט די באָבע געבראַכט דאָס אינגעלע צום זיידן. האָבן באָבע און זיידע אים אַ נאָמען געגעבן: אינגעלע-צינגעלע.

אינגעלע-צינגעלע פֿלעגט אַרומגיין אויפֿן טיש צווישן די טעלערס; ער פֿלעגט עסן פֿון אַ שאָלעכץ פֿון אַ נוס און טרינקען וואַסער פֿון אַ פֿינגערהוט. די באָבע מיטן זיידן האָבן אים געהאָדעוועט און האָבן זיך זייער געפֿרייט מיט אים.



# אַ מעשה מיט אַ בער



מאָל איז געווען אַ מאַמעלע. האָט זי געהאַט אַ סך קינדערלאַך. איז זי געגאַנגען אין וואַלד אַריין קלייבן שפּענדעלאַך. האָט זי אָנגעזאָגט די קינדערלאַך, אַז זיי זאָלן קיינעם נישט אַריינלאָזן דאָ, ביז זי וועט קומען.

איז דאָס מאַמעלע אַוועקגעגאַנגען. האָבן זיך די קינדערלאַך פאַרקייטלט און באַהאַלטן: איינס הינטערן בעט, איינס הינטערן קוימען, איינס אויפן קוימען.

קומט צוגיין אַ בער, שטעלט זיך הינטער דער טיר און רופט:

— קינדערלאַך, קינדערלאַך, עפנט מיר, וועל איך אַייך געבן לאָקשן מיט מילך. ענטפערן די קינדערלאַך:

— ניין!

— קינדערלאַך, קינדערלאַך, עפנט מיר, וועל איך אַייך געבן הירזש מיט מילך.

— ניין!

איז געגאַנגען דער בער, האָט געגעבן אַ קלאַפּ



מיטן פוס אין דער טיר. איז זי צעשפּאָלטן גע-
וואָרן און ער איז אַריינגעגאַנגען, אויפגעגעסן אַלע
קינדערלאַך און געלייגט זיך שלאָפן.

קומט צוגיין דאָס מאַמעלע, זעט זי: אין הויז
שלאָפט אַזאַ גראָבער אָנגעגעסענער בער און די
קינדערלאַך זיינען נישטאָ. נעמט זי אַ מעסער,
שניידט אויף דעם בויך פון בער, נעמט צוריק אַרויס
די קינדערלאַך און לייגט אַריין שטיינער און זאָגט:

שטיינער, ביינער, קלינגען אין בויך —
די קינדערלאַך וועלן עסן לאָקשן מיט יויך!

# סאַמעטל און זײדעלע

זײנען דאָ צװײ אינגעלאַך,
צװײ אינגעלאַך,
בײדע, בײדע קלײן.
אײנעם רופט מען ס אַ מ ע ט ל,
צװײטן רופט מען ז י י ד ע ל ע —
זײנען בײדע שײן!
זײנען בײדע שײן!

װאױנען זײ אין ערגעץ
אין ערגעץ —
אײנטשינקע אַלײן.
סאַמעטל און זײדעלע
װאױנען אין אַ בײדעלע,
װאױנען אין אַ פּאַלאַצל
פונם מירמלשטײן!

שפּילן זײ אין יאָגעלאַך —
אין יאָגעלאַך:

שפּילן זיי מיט זון !
האָבן ביידע אינגעלאַך,
סאַמעטל און זיידעלע,
גרויסע פרייד דערפון,
גרויסע פרייד דערפון.

לאָזט די זון אויף גרעזעלאַך —
אויף גרעזעלאַך,
ג י ל ד ע ר נ ע
פיל העזעלאַך !
יאָגן זיך נאָך זיי —
אינגעלאַך די צוויי !



# ניט צעקריגט זיך




מאָל איז געווען אַ ברודערל מיט אַ שוועסטערל — בעני און מערי. זיי האָבן צווישן זיך אַלעמאָל געלעבט גוט און האָבן זיך קיינמאָל ניט געקריגט.

איינמאָל זאָגט בעני צו זיין שוועסטערל:

— איך האָב געהערט, מערי, אַז עס זיינען פאַראַן קינדער, וואָס קריגן זיך. לאָמיר זיך אויך אַביסעלע צעקריגן.

— איך ווייס אָבער נישט, ווי מען טוט דאָס, — האָט מערי געענטפערט.

— וועל איך דיך אויסלערנען, — האָט בעני געזאָגט. — איך וועל נעמען דאָס מעסערל, וואָס דער פאָטער האָט אונז ביידן געשענקט, און וועל זאָגן: „דאָס מעסערל איז מיינס“. זאָלסטו זאָגן: „ניין, דאָס מעסערל איז גאָר מיינס“. און אַזוי וועלן מיר זיך אָנהייבן צו קריגן.

בעני האָט גענומען דאָס מעסערל און האָט געשריען: זאָלסט וויסן, דאָס מעסערל איז מיינס!

מערי האָט אַ ווײַלע געטראַכט און האָט געענטפערט: „אויב עס איז דיינס, נעם זיך דיר עס“.

און דער ברודער מיט דער שוועסטער זיינען ווידער געבליבן לעבן גוט צווישן זיך, ווי פריער.

# איך און זעלדע

ס'האָט דער פּאַפּע אײַנגעפּלאַנצט
בלימעלאַך אין הויף.
גים איך וואַסער אַלע טאָג,
און זיי וואַקסן אויף.
איך און זעלדע וואַקסן מיר
גאָר אָן וואַסער אויס, —
און מיר זײַנען בײדע שוין
ביזן טיש די גרויס.
ווי די מאַמע רעדט איך שוין
לויפן קען איך גיך:
זעלדע גייט שוין אויך אַרום,
אָבער ניט ווי איך.
אַז איך נעם זי בײַ דער האַנט
גייט זי מיט מיט מיר:
זי פאַרשטייט שוין, וואָס איך זאָג —
שפּיל איך זיך מיט איר.



# די זון און די לבנה



מאָל, מיט מיליאָנען יאָרן צוריק, האָט די זון חתונה געהאַט מיט דער לבנה. זיי האָבן געהאַט זייער אַ סך קינדער, אָט אַזוי פּיל, ווי די שטערן אין הימל.

די זון האָט זייער הייס געליבט די קינדער. זי פלעגט זיי יעדע ווײַלע אַרומנעמען, זיי האַלזן און קושן. די זון פלעגט אָבער דערבײַ ווערן אַזוי צע-קאָכט און צעהיצט, אַז די קינדער זײַנען פון איר פאַרברענט געוואָרן.

די לבנה איז דעריבער שטאַרק אין כעס גע-וואָרן אויף דער הייסער זון. זי האָט די קינדער מער ניט צוגעלאָזן צו דער זון.

אָבער איינמאָל, ווען די לבנה איז אַוועק צום ברונעם אָנשעפּן אַביסל וואַסער, האָט זיך די זון אַ לאָז געטאָן צו די קינדער, האָט זיי געהאַלזט און געקושט און—זיי פאַרברענט פון גרויס ליבשאַפט.

די לבנה קומט אַהיים זעט זי — אַן אומגליק! כמעט אַלע קינדער ליגן פאַרברענטע.

רייסט די לבנה אַרויס אַ בוים פון דער ערד און

נעמט שלאָגן די זון. כאַפּט די זון אַ פולן הויפן זאַמד און אַ שליידער דער לבנה גלייך אין פּנים אַריין. הייבט די לבנה אָן שרייען און וויינען. דערשרעקט זיך די זון, כאַפּט זי די פיס אויף די פּלייצעס און אַנטלויפט.

די לבנה האָט גענומען נאָכיאָגן די פאַרשייטע זון. אָט, אָט, און די לבנה כאַפּט זי, אָבער די זון גיט זיך אַ הייב אונטער —

און שוין מיליאָנען יאָרן, ווי זיי האַלטן זיך אין איין יאָגן און קענען זיך נישט כאַפּן.



# אין אַ שטרויען װעגעלע

אין אַ שטרויען װעגעלע,
שפּילט זיך מיט אַ בייגעלע
עמיצענס אַ קינד.

פליט פאַרביי אַ פייגעלע,
װאַרפט אַ זשעדנע אייגעלע
צו דעם קינד אין װעגעלע
און פאַרשװינדט.



שטרעקט דאָס קינד דאָס בייגעלע
צו אַן אַנדער פייגעלע —
הע־הע, הי־הי...

הייבט זיך אויף דאָס פייגעלע,
שטעלט זיך אויפן װעגעלע,
פּיקט און פּיקט דאָס בייגעלע
פּי־פּי... פּי־פּי...

# דאָס מיידעלע און די שטערן

1.



עווען איז אַמאָל אַ קליין מיידעלע. קיין טאַטן האָט זי ניט געהאַט און די מאַמע איז איר אָפּגעשטאָרבן.

דעם מיידעלע איז געבליבן בלויז אַן איינציק קליידעלע אויפן לייב און אַ שאַלעכל צום קאָפּ. ניט מער.

איינמאָל איז דאָס מיידעלע מיט אַ שטיקל ברויט אין האַנט אין פעלד אַוועקגעגאַנגען.

קומט אָן אַן אַלטיטשקער אַנטקעגן און מאַכט צום מיידעלע:

— הונגעריק בין איך, טעכטערל, צי קריג איך ניט ביי דיר עפּעס וואָס אָנצוביייסן?

גיט אים דאָס מיידעלע אָפּ איר שטיקל ברויט. און דער אַלטיטשקער גייט זיך אַוועק.

2.

גייט זיך דאָס מיידעלע ווייטער אין פעלד. זעט זי — אַ מיידעלע שטייט און וויינט.

— וואָס וויינסטו, מיידעלע?

— קאַלט איז מיר, שוועסטערקע, גיב מיר וואָס-ניט-איז זיך אַרומצונעמען!

גיט איר דאָס מיידעלע אַוועק איר שאַלעכל.

שטערן אין הימל זעען עס און ווינקען זיך איבער:

— לאָמיר אַראָפּנידערן, שפּילן זיך מיטן ליבן מיידעלע.

און די שטערן האָבן גענומען פֿאַלן איר צו די פֿיס.

און פֿון די אַראָפּגעפֿאַלענע שטערן זיינען געוואָרן גלאַנציקע איידל-שטיינער און פּערל.



# אויף אַ שליטל

שטייען דאָרטן אינגעלאַך,
טאַנצן זיי אין רינגעלאַך,
און זיי מאַכן מענטשעלאַך פון שניי;
פריילאַך וואָלט איך פילן זיך,
מיט זיי דאָרט צו שפּילן זיך;
נאָר איך פאָר צו באָבען, ניט צו זיי.

אין אַ וואַרים היטעלע,
אויף אַ נייעם שליטעלע,
פאָר איך אום אין שניי די גאַנצע צייט;
באַרג אַרויף און באַרג אַראָפּ,
שטעלט מיין שליטל זיך ניט אָפּ,
און איך פאָר צו באָבען זייער ווייט!

כ׳פאָר צו חנה-עטעלען
דאָרטן ווייט אין שטעטעלע;
און איך האָב פיל שאָקאָלאַד פאַר איר:
דאָרטן וואוינט די באָבע אויך,
אויף אַ בערגל אינדערהייך.
אוי, וועט באָבע פרייען זיך מיט מיר!



# פאַרוואָס דער בער האָט אַ קורצן עק



ער בער האָט איינמאָל באַוועגנט דעם פוקס הינטערן שטאָט. דער פוקס האָט געטראָגן אויף זיין אַקסל אַ בינטל פיש, וואָס ער האָט צוגענומען ביים פישער.

— וואו האָסטו זיי געכאַפּט? —

— האָט דער בער אים געפרעגט.

— ווי הייסט וואו, אין וואַסער, — האָט געענט-פערט דער פוקס.

דער בער האָט אויך געוואָלט וויסן, ווי מען כאַפּט פיש אין וואַסער. האָט ער געבעטן דעם פוקס אים צו זאָגן, ווי מ׳טוט דאָס.

— אָ, דאָס וועסטו לייכט קענען טאָן, — האָט דער פוקס געזאָגט. — שטעל זיך אַרויף אויפן אייז, מאַך אַ לעכל און שטעק אַריין דיין עק. דעם עק זאָלסטו דאָרט האַלטן, ווי לאַנג דו וועסט נאָר קע-נען. אויב ס׳וועט דיך שטעכן, זאָלסטו וויסן, אַז דאָס בייסן דיך די פיש. און וואָס לענגער דו וועסט האַלטן דעם עק אין לעכל, אַלץ מער פיש וועסטו באַקומען. דערנאָך זאָלסטו זיך געבן אַ דריי, איינמאָל רעכטס, איינמאָל לינקס און אַ שטאַרקן

שלעף — און די פיש וועלן ליגן ביי דיר אין די הענט.

— אַ דאַנק דיר, ליבער פוקס, פאַר דיין עצה,— האָט דער בער זיך פאַרבויגן.

— נישטאָ פאַרוואָס, גיי געזונט, — האָט דער פוקס געענטפערט.

דער בער איז אַוועק און געטאָן, וואָס דער פוקס האָט אים געהייסן. ער האָט געוואַרט אַ לאַנגע, לאַנגע צייט, ביז זיין עק איז גוט צוגעפרוירן געוואָרן צום אייז. דערנאָך האָט דער בער זיך גע-געבן אַ דריי רעכטס, אַ דריי לינקס, און אַ שטאַרקן שלעף און —

אָט פאַרוואָס אַלע בערן האָבן קורצע, גראָבע עקן.



# אַ גוטער דאָקטער

1.

מאַמע זאָגט: איך זיין אַ דאָקטער —
כ׳וויל ניט; איכ׳ל דאָס ניט זיין;
ווייל אַ דאָקטער איז אַ שלעכטער
נאָר ער קוקט אין האַלז אַריין!

2.

אַז ער קומט צוגיין צו קינדער,
שטעלט ער פּאָקן, טוט עס וויי.
מעדיצינען שוואַרץ און ביטער,
הייסט ער מאַמעס געבן זיי.

3.

און אין בעטל הייסט ער ליגן,
ווען די זון אין דרויסן שיינט,
קען מען זיך אין בעט ניט שפּילן.
כ׳האָב דערפאַר דעם דאָקטער פיינט!

4.

אויב איך מוזן זיין אַ דאָקטער,
איך אַ גוטער דאָקטער זיין;
איכ׳ל הייסן אַלע קינדער
גיין אין דרויסן שפּילן פיין.

5.

טשאָקלאַד וועל איך הייסן עסן,
וויפיל יעדעס אינגל וויל;

און פון פלעשלאַך מעדיצינען
זאָל מען מאַכן זיך אַ שפּיל.

.6

פילן ביטערע צום שלינגען
וועל איך הייסן מאַכן זיס;
און אין דרויסן זאָלן קינדער
אומלויפן מיט הוילע פיס.

.7

אַלע קינדער וועל איך נעמען
אין מיין „אָטאָביל" אַריין;
און אַליין זיי לאָזן פירן —
ווען איך וועל אַ דאָקטער זיין.



# די בין און דער בער



ער בער איז דאָך אַ נאַשער, האָט ער ליב האָניק. ביי וועמען איז דאָ האָניק? ביי די בינען. ווילן אָבער די בינען ניט געבן דעם בער קיין האָניק. האָט זיי דער בער זייער פיינט דערפאַר.

וואָס נאָך טוען די בינען? זיי ווייסן, אז דער בער וועט זיך וועלן אַריינרייסן צו זיי אין בינ־שטאָק. דאַרף מען אים אַ גאַנצן טאָג האַלטן נאָר אין איין היטן. אָבער די בינען האָבן דאָך קיין צייט ניט צו שטיין אַ גאַנצן טאָג אין דרויסן און היטן דעם בער, ווייל זיי דאַרפן דאָך גיין צו דער אַרבעט, האָבן זיי גענומען דעם בינשטאָק און אים באַהאַלטן טיף, טיף אין וואַלד.

גייט אַרום דער בער איבערן וואַלד גאַנצע טעג מיט גאַנצע נעכט. שמעקט מיט זיין נאָניע און האַלט אין איין זוכן דעם בינשטאָק. אָבער דער בינשטאָק איז אַזוי גוט באַהאַלטן, אַז דער בער קען אים ניט געפינען.

איינמאָל דערזעט דער בער, ווי אַ בין פליט צו אַ בלום. גיט אַ לעק מיטן מיילכל און זויגט, זויגט. טראַכט זיך דער בער: די בין וועט

מסתמא באַלד פֿליען צוריק אַהיים, ווע̄ל איך איר נאָכגיין און זיך דערוויסן, וואו דער בינשטאָק געפינט זיך.

די בין האָט זיך דערווייל גוט אָנגעזויגן און פֿליט אַהיים. קערט זי זיך אום און גיט אַ קוק: אַהאַ, דער בער גייט איר נאָך. האָט די בין פאַר־שטאַנען, וואָס ער מיינט. איז זי אָבער ניט קיין נאַרישע. וואָס־זשע טוט זי? זי פֿליט ניט אַהיים, נאָר ערגעץ אין אַן אַנדערן וועג.

וואוהין? דאָס וויים שוין די בין.

דער בער אָבער גייט נאָך. ער מיינט, דער נאַר, אַז אָט באַלד קומט ער צום בינשטאָק. פֿליט די בין און פֿליט. דער בער נאָך איר לויפֿט און שפּרינגט מיט זיינע גערעטענע פיס. פלוצלונג, וויי! אַזאַ צרה! דער בער פאַלט אַריין גלייך אין אַ נעץ.

דאָס האָט די בין פאַרפֿירט דעם בער גלייך אין דער נעץ. ליגט דער בער דאָרטן, וואַרפט זיך אין אַלע זייטן, ווי אַן אָפּגעבריטער און קען זיך ניט אויספּלאָנטערן.

זיינען געקומען מענטשן, גענומען אים אין שטאָט אַריין און אויסגעלערנט טאַנצן.

פון דענסטמאָלט אָן מוז דער בער טאַנצן אויף אַלע שמחות און ער דערציילט יעדערן, ווי אַזוי אַ בין האָט אים אָפּגענאַרט.

# די טעג

זיבן, זיבן זיינען מיר,
זיבן גוטע ברידער.
זיבן, זיבן גייען מיר
און מיר קומען ווידער.

ווייסע פערד, שוואַרצע פערד,
צווייערליי קאַראָטן;
קיינמאָל ווערט ניט אויף דער ערד
אונזער טראָט פאַרשאָטן.



# פּראַגעס

ס'איז אַמאָל געווען אַ אינגל. האָט ער געהייסן שלמה. און שלמה איז געווען זייער אַ מאָדנער. שטענדיק פלעגט ער פרעגן פראַגעס. אויף יעדער זאַך פלעגט ער עפּעס פרעגן.

ווען שלמה איז צום ערשטן מאָל געקומען אין שול, האָט אים דער לערער צוגערופן צו זיך. ער האָט אים געוויזן אַן א' און געזאָגט:

— דאָס איז אַן א'!

— און אפשר איז דאָס ניט קיין א'? — האָט שלמה געפרעגט.

ווייזט אים דער לערער אַ ב' און זאָגט:

— און דאָס איז אַ ב'!

— און אפשר איז דאָס ניט קיין ב'? — פרעגט ווידער שלמה.

ווערט דער לערער אין כעס און גיט שלמה'ן אַ צי ביים אויער. שרייט שלמה:

— מיין אויער! מיין אויער!

— און אפשר איז דאָס ניט דיין אויער? — זאָגט דער לערער אין אַ שפּאַס.

— אַלע ווייסן, אַז דאָס איז מיין אויער, — צעוויינט זיך שלמה.

— און אַלע ווייסן, אַז דאָס איז אַן א' און דאָס אַ ב' — האָט דער לערער געענטפערט געלאַסן.

# שטייט אין פעלד אַביימעלע

שטייט אין פעלד אַ ביימעלע,
האָט עס גרינע צווייגעלאַך;
זיצט דערויף אַ פייגעלע,
מאַכט עס צו די אייגעלאַך.

אויף די גרינע צווייגעלאַך
וואַקסט אַ גאָלדן עפּעלע;
מאַך צו, מיין קינד, די אייגעלאַך
אַ ברכה אויף דיין קעפּעלע.



# אַ מעשה מיט צוויי ברידער



מאָל זיינען געווען צוויי ברידער, איינער אַן עלטערער און דער צווייטער אַ אינגערער. האָט די מאַמע איינמאָל געגעבן דעם אינגערן ברודער א קיכל. האָט ער גענומען דאָס קיכל און איז אַרויס אין גאַס זיך שפּילן.

ווען דער עלטערער האָט דערזען, אַז זיין ברודער האָט אַ קיכל, איז ער צו אים צוגעלאָפן און געוואָלט אַוועקנעמען דאָס קיכל.

— ס׳איז מיין קיכל, די מאַמע האָט עס מיר געגעבן, לאָז אָפּ, — האָט געוויינט דאָס קלענערע ברידערל.

— ניין, ס׳איז ניט דיינס, ס׳איז מיינס, — האָט געשריען דער עלטערער, — שוין זאָלסטו עס מיר געבן!

— כ׳וויל ניט, ס׳איז מיינס!

— וועל איך דיר ווייזן! — האָט דער עלטערער געזאָגט און גענומען אַרויסרייסן דאָס קיכל.

די צוויי ברידער האָבן זיך אַזוי לאַנג געשלאָגן, ביז דאָס קיכל איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד און איז אינגאַנצן צעטראָטן געוואָרן. ביידע ברידער

זיינען געלעגן אויף דער ערד און געשלאָגן איינער דעם צווייטן.

ווי זיי ליגן אַזוי און שלאָגן זיך, גייט פאַרביי אַן אַלטיטשקער מאַן. שטעלט ער זיך אָפּ און פרעגט דעם עלטערן פון די ברידער:

— וועמען שלאָגסטו דאָס אַזוי?

— מיין ברודער, — האָט ער געענטפערט.

— אָ, דאָס קען ניט זיין. זאָג מיר טאַקע, ווער איז דאָס אינגל, און פאַרוואָס שלאָגסטו אים? — האָט דער אַלטיטשקער ווייטער געפרעגט.

— ס'איז מיין ברודער; ער האָט מיר ניט געוואָלט אָפּגעבן דאָס קיכל. דערפאַר שלאָג איך אים.

— אָ, דאָס קען ניט זיין, — האָט דער אַל־טיטשקער ווייטער געזאָגט, — ווען ער וואָלט געווען דיין ברודער וואָלסטו אים ניט געשלאָגן. אפשר איז גאָר דאָס קיכל דיין ברודער?

און דער אַלטיטשקער איז אַוועק.



# דער יעגער

יאַנקעלע וויל אַ יעגער זײַן,
יאַנקעלע וויל אין וואַלד אַריין.
שיסן וויל ער נאָר אַ בער —
וואו נעמט מען געווער?
אונזער יאַנקעלע דערזעט:
אין ווינקעלע אַ בעזים שטייט.
מיטן בעזים וועט ער יאָגן
און אַ גרויסן בער דערשלאָגן.
ער קאָן אין שטוב שוין מער ניט בלייבן,
וויל דעם בעזים אונטערהייבן;
שווערער בעזים קערט זיך איבער —
און דער יעגער פאַלט אַריבער.
נישט קיין בער און נישט קיין האָז,
און צעשלאָגן זיך די נאָז.
ער וויל שוין נישט אין וואַלד אַריין,
ער וויל שוין נישט קיין יעגער זײַן.



# דער וואָראָבייטשיק

א.




ער וואָראָבייטשיק האָט זיך צע-
קריגט מיטן ווייב. ניט ער עסט,
ניט ער טרינקט, ניט ער שפּרינגט.
מאַכט זיך קראַנק און לייגט זיך
אַריין אין נעסט.

אַלע פֿייגעלאַך אין הויף איז
אומעטיק געוואָרן אָן דעם פֿריילאַכן וואָראָבייטשיק.

ב.

קומט צו אים געוואָר ווערן דער האָן און קלינגט
אָן אין נעסט.

— טיק, טיק, טיק! דער וואָראָביי איז אין דער
היים?

— אין דער היים, ער איז קראַנק, — ענטפֿערט
דעם וואָראָביים ווייב.

— וואָס טוט אים וויי?

— דאָס קעפּעלע.

— האַק אָן גראָז אין אַ טעפּעלע
און לייג אים צו צום קעפּעלע.

— איך האָב געפּרואווט דאָס טאָן,
נאָר ער נעמט עס ניט אָן.

דער האָן איז אַוועק.

ג.

קומט די גאַנז און קלאַפּט אָן אין נעסט.
— טיק, טיק, טיק! דער וואָראָביי איז אין דער
הײם?
— אין דער הײם, ער איז קראַנק, — ענטפערט
דעם וואָראָביים ווייב.
— וואָס טוט אים וויי?
— דאָס פיסעלע.
— נעם וואַסער אין אַ שיסעלע
און לייג אים צו צום פיסעלע.
— איך האָב געפּרוּאווט עס טאָן,
נאָר ער נעמט עס ניט אָן.

ד.

קומט דאָס טײבעלע געוואָר ווערן און קלאַפּט
אָן אין נעסט.
— טיק, טיק, טיק! דער וואָראָביי איז אין דער
הײם?
— אין דער הײם, ער איז קראַנק, — ענטפערט
דעם וואָראָביים ווייב.
— וואָס טוט אים וויי?
— די פּלייצע.
— איך האָב אַ גוטע עצה:
לייג אים וואַטע צו דער פּלייצע.

— איך האָב געפּרוּאווט עס טאָן,
נאָר ער נעמט עס ניט אָן.

ה.

דער וואָראָביי האָט זיך קוים איינגעהאַלטן פון געלעכטער, וואָס אַלע רעכענען אים פאַר קראַנק און זיך — פאַר דאָקטוירים. איז ער אַרויס פון נעסט, אַרויפגעפלויגן אויפן דאַך, אַ פּאַטש געטאָן מיט די פליגל און הויך אַ געשריי געטאָן:

גאָט זיי דאַנק
וואָס איך בין נישט קראַנק!



# פאַרגעס-מיך-ניט



מאָל איז געווען אַ אינגל דוד מיט אַ מיידל חנה. האָבן זיי זיךביידע שטאַרק ליב געהאַט. געוואוינט האָבן זיי מיט זייערע עלטערן אין דאָרף. אָבער איינמאָל דאַרף דוד אַוועקפאָרן צו זיין זיידן אין שטאָט אריין, ווייל דער זיידע איז זייער קראַנק געוואָרן. געזעגנענען זיי זיך ביידע און מע צעקושט זיך און חנה גיט דוד'ן א בינטל בלומען, וואָס מ'רופט זיי: „פאַרגעס־מיך־ניט".

איז דוד געקומען אין דער גרויסער שטאָט אַריין צו זיין זיידן. אַ גאַנץ יאָר איז זיין זיידע געלעגן קראַנק, ביז ער איז געשטאָרבן. וויינט דוד זייער און איז טרויעריק. דערנאָך, אַז ער האָט זיך שוין גוט אויסגעוויינט, איז ער אַרויסגעגאנגען שפּאַצירן איבער דער שטאָט.

האָט ער דערזען אַ מיידל שרה, וואָס איז געווען זייער שיין און קלוג. נעמט ער און פאַרליבט זיך אין איר. נעמט שרה און פאַרליבט זיך אין אים. אין חנה'ן האָט דוד אין גאַנצן פאַרגעסן.

איינמאָל שפּאַצירן דוד און שרה אין אַ גאָרטן. רופט זיך אָן דוד: לאָמיר חתונה האָבן. מאַכט שרה: גוט.

אַזוי ווי זי האָט דאָס געזאָגט, האָט פּלוצלונג איבערן גאַנצן גאָרטן אָנגעהויבן אַרויסשפּראָצן אַ סך בלומען: „פאַרגעס־מיך־ניט".

וואונדערט זיך שרה. אָבער דוד האָט יאָ פאַר־שטאַנען און האָט זיך דערמאָנט אין זיין חנה'ן און האָט אָנגעהויבן נאָך איר צו בענקען. דערציילט דוד שרה'ן די גאַנצע מעשה. רופט זיך אָן שרה: נו, פאָר צו חנה'ן צוריק אין דאָרף אריין.

נעמט דוד און פאָרט אַוועק. שרה אָבער איז געבליבן אין גאָרטן, זיך אַנידערגעזעצט צווישן די בלומען און האָט געוויינט. אַזוי לאַנג געוויינט ביז פון איר איז געוואָרן אַ בלום: פאַרגעס־מיך־ניט. איז זי געוואקסן אין מיטן גאָרטן. פלעגן מענטשן גיין שפּאַצירן, זיך אָפּשטעלן קוקן אויף דער בלום און זאָגן: פאַרגעס־מיך־ניט, פאַרגעס־מיך־ניט.



# דאָס נייַע קלײדל

אין מײַן נײַעם װײַסן קלײדל
טוט די מאַמע הײַנט מיך אָן;
טאָר איך עס דאָך ניט פֿאַרפֿלעקן —
קען איך זיך קיין ריר ניט טאָן.

װיל איך זיך אין דרויסן שפּילן,
באַקן קיכעלאַך פֿון ליים;
לאָזט די מאַמע ניט אַרויסגיין —
מוז איך זיצן אין דער היים.

אויף אַ שטול, אַזוי װי מאַמע,
מוז איך זיצן שטאָלץ און גלײַך;
און איך טאָר אין װאַנע װאַסער
זיך ניט שפּילן, װי אין טײַך . . .

אויף דער ערד װיל איך זיך זעצן,
מיט דער קאַץ זיך שפּילן פֿײַן;
„ניטע, ניטע!" — זאָגט די מאַמע, —
„זע, דו שמירסט דײַן קלײדל אײַן!"

נעם איך אויף מײַן קני דאָס קעצל,
און איך גלעט אַזוי איר קאָפּ;
זאָגט די מאַ: „דו קנײטשסט דײַן קלײדל,
גיכער, לאָז די קאַץ אַראָפּ!"

— קען איך זיך מיט גאָרניט שפּילן
גיי איך נאַשן שטילערהייט;
נעם איך זופּן מילך פון קריגל,
און באַגים דאָס נייע קלייד . . .

כ׳וויל ניט מער דאָס נייע קליידל,
כ׳טו דאָס אַלטע קליידל אָן,
— ווער איך קענען גיין אין דרויסן
שפּילן זיך, אַלצדינג טאָן . . .



# דער האָן און די הון



מאָל איז געווען אַ הון מיט אַ האָן. זיינען זיי אין וואַלד געגאַנגען ניס רייסן.

קומען זיי צו דעם נוסבוים, קריכט הענדל אויפן בוים אַרויף רייסן ניס און הינדל בלייבט אונטן אויפקלייבן די ניס. הענדל וואַרפט אַראָפּ און הינדל קלייבט אויף. איז אָט וואַרפט הענדל אַ נוס אַראָפּ און טרעפט הינדלען גלייך אין אויג און זעצט איר דאָס אויג אַרויס.

גייט הינדל אַהיים און וויינט. פאָרן פויערים, זעען זיי: הינדל גייט און וויינט.

— הינדעלע, הינדעלע, וואָס וויינסטו?

— הענדל האָט מיר אַן אויג אויסגעזעצט.

— הענדל, הענדל, פאַרוואָס האָסטו הינדלען אַן אויג אויסגעזעצט?

— נוסבוים האָט מיך שיר ניט אַראָפּגעוואָרפן.

— נוסבוים, נוסבוים, פאַרוואָס האָסטו הענדלען אַראָפּוואַרפן געוואָלט?

— ציגן האָבן מיין קאָרע אויפגעגעסן.

— ציגן, ציגן, פאַרוואָס האָט איר די קאָרע אויפ-געגעסן ?

— די פאַסטוכער היטן אונז ניט.

— פאַסטוכער, פאַסטוכער, פאַרוואָס היט איר די ציגן ניט ?

— די באַלעבאָסטע גיט אונז קיין עסן ניט.

— באַלעבאָסטע, באַלעבאָסטע, פאַרוואָס גיס-טו די פאַסטוכער קיין עסן ניט ?

— דער חזיר האָט אַלץ אויפגעפרעסן.

— חזיר, חזיר, פאַרוואָס האָסטו אַלץ אויפגע-פרעסן ?

— דער וואָלף האָט אַ חזירל ביי מיר צוגע-גנבעט.

— וואָלף, וואָלף, פאַרוואָס האָסטו דעם חזיר צו-געגנבעט ?

— איך האָב עסן געוואָלט. איך בין הונגעריק געווען.

הערט דאָס הינדעלע און טרייסט זיך, הערט אויף וויינען, און די פויערים פאָרן זיך ווייטער זייער וועג.

# הירזשענע קאַשע

א.



עווען אַמאָל אַ מיידל זייער אַ וואוילס, איר מוטער איז געווען אַן אָרימע. זיי האָבן געוואוינט אין אַ קליין הייזעלע. איינמאָל האָבן זיי נישט געהאט קיין ברויט, זיינען זיי געזעסן הונגעריק.

זאָגט דאָס מיידל: איך וועל גיין אין וואַלד, אפשר וועל איך עפּעס געפינען פאַר זיך און פאַר דער מאַמען צום עסן.

איז זי אַוועק.

קומט איר אַנטקעגן אַן אַלטיטשקע. די אַל-טיטשקע האָט שוין געוואוסט, אַז דאָס מיידל מיט איר מאַמען הונגערן. דערלאַנגט זי דעם מיידל אַ טעפּעלע און זאָגט:

— אַז דו וועסט וועלן עסן, זאָלסטו זאָגן צום טעפּעלע: „קאָך, טעפּעלע, קאָך!“—וועט דאָס טע-פּעלע אָנהייבן קאָכן אַ הירזשענע קאַשע אַ גוטע, אַ געשמאַקע. וועסט עסן, וועסט דער מאַמען געבן,



נאָכדעם זאָלסטו זאָגן: „גענוג, טעפּעלע, גענוג“.
וועט דאָס טעפּעלע אויפהערן צו קאָכן.

דאָס מיידל האָט גאָר פיין באַדאַנקט דער אַל-
טיטשקער, איז געקומען אַהיים, געהייסן דאָס טע-
פּעלע קאָכן. האָט דאָס טעפּעלע אויפגעקאָכט אַ
הירזשענע קאַשע, אַ געשמאַקע, אַ זיסע. מער האָבן
שוין דאָס מיידעלע מיט דער מאַמען ניט געהונ-
גערט, וואָרים זיי האָבן געגעסן קאַשע צוזאַמען.

ב.

איינמאָל איז דאָס מיידל אַוועק שפּאַצירן הינ-
טערן שטאָט. דער מאַמען האָט זיך פאַרוועלט עסן,
זאָגט זי צום טעפּעלע: „קאָך, טעפּעלע, קאָך“. האָט

דאָס טעפּעלע געקאָכט. די מאַמע האָט אָפּגעגעסן. האָט זי געוואָלט זאָגן דעם טעפּעלע, עס זאָל אויפ־הערן קאָכן, און פאַרגעסן, וואָס מ׳דאַרף זאָגן.

האָט דאָס טעפּעלע אַלץ געקאָכט, איז געוואָרן פול. איז די קאַשע אַריבער די ברעגעס, האָט זיך געגאָסן אויפן טיש, פון טיש אויף דער פּאָדלאָגע. איז גאָר די שטוב געוואָרן פול מיט קאַשע. און דאָס טעפּעלע קאָכט נאָך און קאָכט.

האָט זיך די קאַשע געגאָסן פון שטוב אַרויס אין הויף אַריין, פון הויף אין גאַס, פון איין גאַס אין דער צווייטער, און אויף דעם וועג און אויפן פעלד, און אויף טאָל און אויף באַרג. און דאָס טעפּעלע קאָכט נאָך אַלץ און קאָכט, האָט אַפּנים געוואָלט די גאַנצע וועלט אָנקאָרמען מיט הירזשענע קאַשע.

די שטאָטלייט האָבן זיך דערשראָקן. זיי האָבן געמיינט: אַ מבול פון קאַשע פאַרפלייצט די וועלט. נאָר וואָס האָבן זיי געקענט טאָן?

זיינען נאָר צוויי הייזער געבליבן אין שטאָט, וואָס די קאַשע האָט זיי ניט פאַרדעקט. ערשט דע־מאָלט איז דאָס מיידעלע געקומען פון שפּאַציר.

האָט זי דערזען וואָס דאָ טוט זיך און געזאָגט : „גע־נוג, טעפּעלע, גענוג“ — האָט דאָס טעפּעלע ערשט אויפגעהערט קאָכן.

און אַז עמיצער האָט געוואָלט אין שטאָט דורכגיין, האָט ער געמוזט אויפעסן אַ פולע, אַ פולע קאַשע, ביז ער האָט זיך אַ וועג אין גאַס פריי גע־מאַכט.



# דאָס אינגעלע־פֿייגעלע



יין אינגעלע איז געגאַנגען אין שול. הערט ער ווי עס זינגען די פֿייגע־לאַך. הייבט ער אויף די אויגן צום הימל און רופֿט זיך אָן:

— איך וואָלט אויך וועלן זיין אַ פֿייגעלע.

אין דער מינוט זיינען געוואָרן פֿון זיינע הענ־טעלאַך צוויי פֿליגעלאַך; פֿון אָנצוגל — פֿעדער־לאַך און פֿון נעזל און מיילעכל איז געוואָרן אַ שנעבעלע. אויפֿגעהויבן האָט זיך דאָס אינגל־פֿייגעלע הויך זייער הויך, און איז געפֿלויגן איבער בערג און פֿעלדער.

פֿלוצלונג זעט דאָס אינגל־פֿייגעלע, ווי אַן אָדלער יאָגט זיך נאָך אים. האָט ער זיך שנעל באַהאַלטן אונטערן דאַך פֿון דער שול. אָבער אַז ער האָט דערשפּירט, אַז ער איז הונגעריק, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד.

אויף דער ערד איז גראָד געשטאַנען אַ נעץ מיט קערנדלאַך. האָט זיך אינגל־פֿייגעלע פֿאַר־פּלאָנטערט אין נעץ און איז געפֿאַנגען געוואָרן.

קומט אַ פֿייגל־כאַפּער, נעמט דאָס פֿייגעלע און זעצט עס אַריין אין אַ שטייגל.

אינדערפֿרי זעט דאָס אינגל־פֿייגעלע דורכן

שטייגל, ווי קינדער גייען אין שול. האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער איז אויך אַמאָל געגאַנגען אין שול. האָט ער זיך גענומען קלאָגן:

— אין שול איז גוט . . . דאָרט לערנט מען און מען שפּילט . . . אין שטייגל איז שלעכט. איך וויל צוריק ווערן אַ אינגל.

אין דער רגע איז פון אינגעלע-פייגעלע גע-וואָרן אַ אינגל.

האָט ער צעבראָכן דאָס שטייגל און אַרויס אויף דער ליכטיקער פרייער וועלט.

אין גאָרטן האָט ער געפונען זיינע ביכער און איז מיט איםפעט אַוועקגעלאָפן אין שול.





# האָז און לייב



אַ גענגט אַמאָל דער לייב אַ האָז
און וויל אים אויפעסן.
זאָגט דער האָז:

— וואַרט, לייב! צו וואָס
זאָלסטו מיך אויפעסן, אַזאַ קליי-
נעם, דאַרן האָז? אָט וועל איך דיר בעסער ווייזן
אַן אנדערע חיה; זי איז צען מאָל גרעסער און פע-
טער פון מיר. איך ווייס נאָר ניט, צי דו וועסט זי קאָ-
נען בייקומען!

— וואָס, איך? איך וועל ניט בייקומען? ס׳איז
דען דאָ אַזאַ חיה, וואָס איך זאָל זי ניט בייקומען?
פיר מיך גלייך צו דער דאָזיקער חיה!

— זע, לייב, היט זיך, דו ווייסט גאָרניט, וואָס
פאַר אַ חיה דאָס איז. די דאָזיקע חיה וואוינט אין
ברונים.

— פיר מיך צו דער דאָזיקער חיה. אַ ניט עס
איך דיך אויף.

פירט דער האָז דעם לייב צום ברונים. קוקט
דער לייב אין ברונים אַריין און דערזעט דאָרט זיין
אייגענעם קאָפּ.

זאָגט דער האָז:

— זעסט, ס'אַראַ שרעקלאַכע חיה דאָס איז? פאָלג מיך, לייב, און שטיי בעסער דאָ און שפּרינג ניט אין ברונים אַריין, אַ ניט וועט זי דיך נאָך צע־רייסן.

— וואָס? מיינסט טאַקע, אַז איך האָב מורא פאַר איר? אָט וועל איך דיר ווייזן!

— אוי, לייב, שפּרינג ניט!

דער האָז האָט נאָך ניט באַוויזן צו ענדיקן, אַז דער לייב — אַ שפּרונג אין ברונים אַריין און איז דאָרט פאַרבליבן.

זיצט זיך דער לייב אינם ברונים און קאָן פון דאָרט ניט אַרויס. און אין דערהיים וואַרט אויף אים די לייבעכע און קאָן זיך ניט דערוואַרטן. גייט אַלע מאָל פון דער הייל אַרויס, קוקט אויף אַלע זייטן און — ניטאָ. ער קומט ניט, דער לייב.

פלוצלונג קומט אָן דער האָז.

— גוטן אָוונט, מומעשי! איך האָב דיר פונם פעטער אַ גרוס געבראַכט; ער איז עפּעס ניט מיט אַלעמען. מיר האָבן זיך היינט צעוועדטלט מיט אים. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און מיר האָבן זיך צע־פּאַטשט — נו, האָט ער דאָס פון מיר געכאַפּט. ער וועט דאָס האָבן צו געדענקען.

ווערט די לייבעכע אין כעס און וויל דעם האָז,

דעם באַרימער, אויפעסן. און דער האָז, אַז ער נעמט דאָס שטעלן פיס — קוים מיטן אויג אָנצוזען.

דער האָז ווייסט אַזאַ אָרט, אַ שמאָלן פעלזן־שפּאַלט—אַריין איז גרינג, און—אַרויס פון דאָרט קאָן מען ניט. לויפט ער, דער האָז, גלייך אַהין, צום פעלזן־שפּאַלט, און די לייבעכע — גלייך נאָך אים.

קומען זיי צום פעלזן-שפּאַלט און דער האָז — האָפּ—האָפּ! — און איז שוין פון יענער זייט. די לייבעכע גיט מיטן גאַנצן אימפּעט אַ לויף נאָך אים — און בלייבט שטעקן אין דעם שמאָלן פעלזן־שפּאַלט. ניט אַהין און ניט צוריק — און איז שוין דאָרט פאַרבליבן.



און דאָס מעשה׳לע איז אויס.

# דער האָן און דאָס בעבעלע

א.



אָס הענדעלע האָט אין זאַמד געגראָבן מיט זיין שנאָבעלע און האָט געפונען אַ בעבעלע. האָט ער געוואָלט דאָס בעבעלע דערשלינגען און האָט זיך דערוואָרגן; זיך אויסגעצויגן ניט טויט, ניט לעבעדיק.

האָט דערזען די באַלעבאָסטע, ווי איר הענדעלע ליגט אויסגעצויגן, ניט טויט, ניט לעבעדיק — איז זי צוגעלאָפן צו אים און פרעגט:

— וואָס ליגסטו, הענדעלע, וואָס איז דיר געשען?

קרעכצט דאָס הענדעלע:

— איך האָב זיך דערוואָרגן מיט אַ בעבעלע: גיי, ראַטעווע מיך, גיי בעט ביי דער קו אַ שטיקעלע פּוטער.

ב.

איז געלאָפן די באַלעבאָסטע צו דער קו און זאָגט:

— קיעלע, קיעלע, גיב מיר אַ שטיקעלע פּוטער; מיין הענדעלע האָט זיך דערוואָרגן מיט אַ בעבעלע און קוים וואָס ער לעבט.

זאָגט די קו:

— פוטער ווילסטו? גיי צום גוי און ברענג מיר היי, וועל איך דיר געבן פוטער.

ג.

איז זי אַוועקגעגאַנגען צום גוי און זאָגט:

— גוי, דו גוטער גוי! גיב מיר אַביסעלע היי — דאָס היי פאַר דעם קיעלע, דאָס קיעלע וועט געבן פוטער — די פוטער פאַר דעם הענדעלע, קוים וואָס ער לעבט. ער האָט זיך נעבאַך מיט אַ בעבעלע דערוואָרגן, ליגט ניט טויט ניט לעבעדיק...

זאָגט דער גוי:

— גיי צום אויוון און ברענג מיר אַ קוילעטש, וועל איך דיר געבן היי.

ד.

גייט זי אַוועק צום אויוון:

— אייוועלע, דו אייוועלע! גיב מיר אַ קוילעטש, דעם קוילעטש פאַרן גוי — וועט דער גוי געבן היי, — דאָס היי פאַר דעם קיעלע, וועט זי געבן פוטער, — די פוטער פאַר דעם הענדעלע, קוים וואָס ער לעבט, נעבאַך. האָט זיך מיט אַ בעבעלע דער-וואָרגן — ליגט ניט טויט ניט לעבעדיק...

זאָגט דער אויוון:

— דו גיי צו די האָלצהעקער, זאָלן זיי אָנהאַקן האָלץ.

ה.

איז געגאַנגען די באַלעבאָסטע צו די האָלצ-העקער און זאָגט:

— האַלצהעקער, איך האָלצהעקער, גיט האָלץ:
דאָס האָלץ פאַר דעם אויוון — וועט ער באַקן אַ קוי-
לעטש; דעם קוילעטש פאַרן גוי — וועט ער געבן
היי; דאָס היי פאַר דעם קיעלע — וועט זי געבן פו-
טער; די פוטער פאַר דעם הענדל, קוים וואָס ער
לעבט; האָט זיך נעבאַך מיט אַ בעבל דערוואָרגן,
ליגט ניט טויט, ניט לעבעדיק...
ענטפערט דער האָלצהעקער:
—גיי צום שמיד און זאָל ער אונז מאַכן אַ האַק.

ו.

איז די באַלעבאָסטע געלאָפן צום שמיד:
— שמיד, דו שמיד! שמיד מיר אויס אַ האַק. די
האַק פאַר די האָלצהעקער — וועלן זיי געבן האָלץ;
דאָס האָלץ פאַר דעם אויוון — וועט ער באַקן אַ
קוילעטש; דעם קוילעטש פאַרן גוי — וועט ער
געבן היי; דאָס היי פאַר דעם קיעלע — וועט זי געבן
פוטער; די פוטער פאַר דעם הענדל, קוים וואָס ער
לעבט — האָט זיך, נעבאַך, מיט אַ בעבל דערוואָרגן
— ליגט ניט טויט, ניט לעבעדיק.
זאָגט דער שמיד:
— גיי אין וואַלד און ברען אָן קוילן.

ז.

לויפט די באַלעבאָסטע אין וואַלד אַריין, אויפ-
געקליבן ריטלאַך און פון זיי קוילן אָנגעברענט.
האָט זי די קוילן אַוועקגעטראָגן צום שמיד. האָט

ער געמאַכט אַ האַק. איז זי אַוועק צו די האָלצהע-
קער, האָבן זיי איר אָנגעשפּאָלטן האָלץ. דאָס האָלץ
האָט זי אַוועקגעטראָגן צום אויוון, האָט דער אויוון
אויסגעבאַקן אַ קוילעטש; האָט זי דעם קוילעטש
אַוועקגעטראָגן דעם גוי, האָט דער גוי געגעבן היי;
האָט זי געגעבן עסן דעם קיעלע, האָט דאָס קיעלע
געגעבן פּוטער; האָט זי די פּוטער געגעבן דעם
הענדעלע, דאָס הענדעלע האָט אַ שלונג געטאָן און
דאָס בעבל איז אַראָפּ. דאָס הענדעלע איז געזונט
געוואָרן, איז אויפגעשפּרונגען און האָט פרייליך
אויסגעשריען:

קוקורעקו!

אַלע זאָלן הערן אַז מיטן הענדעלע
אַלע זאָלן זען, איז אַ נס געשען.



# ס׳וואונדער אַרבעסל



זיידע און אַ באָבע האָבן אַ הענדל און אַ הינדל געהאַט. האָבן זיי גע-פּיקט, געפּיקט אין מיסט, און הענדל האָט אַ ווייצעלע געפונען, און הינדל — אַן אַרבעסל.

זאָגט זיידע צו דער באָבען:

— וואָס, באָבעניו, זאָלן מיר מיטן אַרבעסל מאַכן?

— וואָס, אַשטייגער? אונטערן באַנק פאַר-פלאַנצן.

אַזוי געטאָן, און ס׳אַרבעסל האָט גענומען וואַקסן.

וואַקסט עס, וואַקסט — ביז סע שפּאַרט שוין די באַנק.

זאָגט די באָבע:

זיידעניו-פריידעניו, נעם די באַנק צו, זאָל ס׳אַרבעסל וואַקסן!

האָט ער צוגענומען. ס׳אַרבעסל וואַקסט, וואַקסט — ביז דער פּאָלעצע.

— זיידעניו-פריידעניו, נעם די פּאָלעצע אַראָפּ.
האָט ער אַראָפּגענומען.
ס'אַרבעסל וואַקסט, וואַקסט — שוין ביזן באַלקן.
— זיידעניו-פריידעניו, נעם זעץ דעם באַלקן אַראָפּ!
האָט ער אַראָפּגעזעצט.
ס'אַרבעסל וואַקסט, וואַקסט — שוין ביזן דאַך.
האָט מען דעם דאַך אויך אַראָפּגעזעצט.
וואַקסט דאָס אַרבעסל, וואַקסט — אַזש ביז צום הימל.
זאָגט די באָבע:
— זיידעניו-פריידעניו, לאָמיר שוין אַרויף די אַרבעס רייסן!
— נו, קריך דו אַפריער.
— ניין, דו פריער.
איז זיידע אַרויף, און באָבע נאָך אים.
אַרויף אויפן הימל און זיך גענומען דעם אַר-בעס רייסן.
געריסן ביז פאַרנאַכט.
קומען זיי צום מלאך און בעטן זיך אויף נאַכטלעגער.

האָט זיי מלאך אַריינגעלאָזט אין אַ סאָד פון עפּל.

האָט באָבע דערשמעקט די עפּל און זאָגט:

— זיידעניו-פריידעניו, די עפּל שמעקן!

זאָגט ער:

— שטיל, באָבע, ווּעסט שאָדן אָנטאָן!

און אַנטשלאָפן געוואָרן.

איז די באָבע צוגעגאַנגען, אַ ריר געטאָן אַן עפּלבוים, האָבן זיך אַלע עפּל אַראָפּגעשיט.

איז זי צוגעלאָפן און וועקט דעם זיידן:

— זיידעניו-פריידעניו, ווײַ, די עפּל פאַלן!

האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און זיי צוגעבונדן.

אויף מאָרגן האָבן זיי ווידער ביז נאַכט אַרבעם געריסן, און ווידער צום מלאך געגאַנגען, זיך בעטן אויף נאַכטלעגער.

זאָגט ער:

— נו, איך לאָז אײַך אין אַ קאַמער אַריין, דאָרט שטייט אַ באַקדייזשע מיט ראָשצינע — זעט, קערט זי ניט איבער.

פאַרן שלאָפן זאָגט די באָבע:

— זיידעניו-פריידעניו, כ׳וועל נאָר אַ פינגער אײַנטונקען!

— ריר ניט, באָבע, וועסט אָנמאַכן אַן אומ-גליק!

און איז איינגעשלאָפן.

איז געגאַנגען די באָבע, איינגעטונקט אַ פינ-גער און געוואָלט אַ לעק טאָן, האָט זיך די גאַנצע ראָשצינע אויסגעגאָסן.

איז זי צו צום זיידן, אים אויפגעוועקט און זיך אַ נעם געטאָן די ראָשצינע צונויפנעמען.

אויף מאָרגן ווידער געקליבן אַרבעס ביז שטאָקנאַכט, און ווידער זיך געגאַנגען בעטן צום מלאך אויף נאַכטלעגער.

האָט מלאך זיי אַריינגעלאָזט אין קאַרעטע-שטאַל און געזאָגט:

— זעט זשע, רירט די קאַרעטע ניט אָן.

און איז אַוועקגעגאַנגען.

זאָגט די באָבע:

— זיידעניו-פריידעניו, איך וויל זיך אַביסל דורכפאָרן!

— ריר ניט, באָבע, דו וועסט אונז אומגליקלאַך מאַכן!

נאָר די באָבע בעט זיך:

— כאָטש נאָר אַ פיסל אַנידערשטעלן.

אַז זיידע איז אַנטשלאָפן געוואָרן, האָט באָבע

זיך באַלד אַריינגעזעצט אין קאַרעטע, איז די קאַ-
רעטע באַלד געפאָרן.

האָט זיך באָבע דערשראָקן און אָנגעהויבן
שרייען:

— זיידעניו-פריידעניו, אוי!

נאָר די קאַרעטע מיט דער באָבען איז אַוועק
און אַוועק, און צוריק ניט געקומען.



# דאָס גאָלדענע קייקעלע

א.



ע ו ו ע ן אַמאָל אַ ברידערל מיט אַ שוועסטערל, חנהלע און משהלע.
ס׳איז געווען פאַר פסח. ביי אַלע קינדערלאַך איז שוין געווען אָנגע-גרייט אויף יום טוב נייע קליידע-לאַך מיט נייע שיכעלאַך. נאָר משהלע מיט חנהלען האָבן גאָרנישט ניט געהאַט. דער טאַטע איז גע-ווען קראַנק און זיי גאָרניט געקאָנט קויפן.
חנהלע מיט משהלען האָבן אַלץ געוואַרט אויף נייע שיכעלאַך מיט נייע קליידעלאַך, נאָר ס׳איז שוין פסח אָנגעקומען, און קיין נייע שיכעלאַך מיט נייע קליידעלאַך איז נאָך אַלץ ניטאָ.
חנהלע מיט משהלען האָבן זיך אויף דער פריזבע אַוועקגעזעצט. זיי זיינען געווען פאַרזאָרגט און זיך געשעמט פאַר די חברטעס צו ווייזן.
חנהלע האָט זיך שטאַרק צעוויינט.

ב.

מיט אַמאָל האָט זיך אַן אַלטער מאַן פאַר זיי באַוויזן, מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד, מיט לאַנגע ווייסע ברעמען און מיט אויגן ליכטיקע, ווי שטערן.
ער איז צו זיי צוגעגאַן און געפרעגט:
— קינדערלאַך, קינדערלאַך! וואָס וויינט איר?



ווי אַזוי זאָלן מיר ניט וויינען ? אַלע קינדערלאַך האָבן נייע שיכעלאַך מיט נייע קליידעלאַך אויף יום טוב און מיר האָבן גאָרניט.

— שאַט, קינדערלאַך ! וויינט ניט. נאַט אייך בעסער שפּילעכלאַך, צוויי גאָלדענע קייקעלאַך.

און דער אַלטער איז פֿאַרשוואונדן.



חנהלע מיט משהלען האָבן גענומען די קייקעלאַך באַטראַכטן. האָבן זיך די קייקעלאַך פֿון די הענט אַראָפּגעגליטשט און קייקלען זיך אָנגעהויבן.

משהלע מיט חנהלען האָבן זיך געלאָזן נאָך די קייקעלאַך לויפן.

די קייקעלאַך קייקלען זיך באַרג אַרויף, משהלע מיט חנהלען לויפן באַרג אַרויף.

די קייקעלאַך קייקלען זיך באַרג אַראָפּ, משה-לע מיט חנהלען — באַרג אַראָפּ.

ביז די קייקעלאַך האָבן זיך פאַרקייקלט אין אַ טיפן, טיפן וואַלד אַריין.

משהלע מיט חנהלען זיינען שוין מיד, נאָר די קייקעלאַך קייקלען זיך אַלץ ווייטער און ווייטער, און משהלע מיט חנהלען לויפן אַלץ ווייטער און ווייטער.

מיטאַמאָל האָבן זיי פון ווייטן אַ שטיבעלע דערזען. די קייקעלאַך האָבן זיך אין שטיבעלע אַריינגעקייקלט, משהלע מיט חנהלען זיינען נאָך זיי אין שטיבעלע אַריין.

האָבן זיי אין שטיבעלע דערזען:

צוויי גאָלדענע בעטעלאך, מיט רויטע זיידענע קישעלאַך, מיט גאָלדענע פיס־בענקעלאַך. די קיי-קעלאַך האָבן זיך אונטער די בעטעלאַך אַרונטער געקייקלט און דאָרטן ליגן געבליבן.

משהלע מיט חנהלען האָבן זיך שלאָפן געלייגט אין די גאָלדענע בעטעלאַך.

משהלע שלאָפט אין זיין בעטעלע און אונטן ליגט זיין גאָלדן קייקעלע. חנהלע ליגט אין איר

בעטעלע און אונטן — איר גאָלדן קייקעלע.

גאַנץ פרי האָט זיך משהלע אויפגעכאַפּט און אין צימערל אַ קליין טירעלע דערזען. האָט ער חנה־לען אויפגעוועקט, צוזאַמען דאָס טירעלע געעפנט און אין אַ קליין שטיבעלע אַריינגעגאַן.

זעען זיי אויף אַ טישעלע אַ גאָלדן קליידעלע, גאָלדענע שיכעלאַך, זיידענע זעקעלאַך און אַ רויט זיידן סטענגעלע. און אויף דעם צווייטן טישעלע — רויטע זיידענע הייזעלאַך מיט גאָלדענע קנעפּעלאַך, גאָלדענע שיכעלאַך, אַ רויט זיידן היטעלע מיט אַ גאָלדן קוטאַסל.

משהלע מיט חנהלען האָבן די קליידעלאַך אָנגעטאָן — פּונקט נאָך זייער מאָס. זיי האָבן די שיכעלאַך אָנגעטאָן — פּונקט גוט. האָבן זיי זיך דערפרייט, געשפּרונגען און געטאַנצט, נאָר פּלוצים איז חנהלע טרויעריק געוואָרן.

— ווי וועלן מיר אַהיים גיין? — זאָגט זי צו משהלען.

— שאַ, זאָרג ניט. כ׳וועל דאָס קייקעלע בעטן, וועט דאָס אונז אַהיים פירן.

משהלע איז צום קייקעלע צוגעגאַן און בעטן אָנגעהויבן:

קייקעלע, דו שיינס,
קייקעלע, דו קליינס,
פיר אונז פונם וועלדעלע

צו טאַטע-מאַמעס שטיבעלע...

טור—טור—טור—טור—האָבן די קייקעלאַך זיך קייקלען אָנגעהויבן. משהלע מיט חנהלען זײַנען נאָך די קייקעלאַך נאָכגעלאָפן.

די קייקעלאַך קייקלען זיך באַרג אַרויף—משה-לע מיט חנהלען לויפן באַרג אַרויף. די קייקעלאַך קייקלען זיך באַרג אַראָפּ, משהלע מיט חנהלען — באַרג אַראָפּ. ביז זיי האָבן פון ווייטן זייער שטיבע-לע דערזען.

זײַנען זיי מיט פרייד אין שטיבעלע אַרײַנגע-לאָפן.

— טאַטעשי, מאַמעשי!

האָבן טאַטע-מאַמע ניט דערקענט און גע-פרעגט:

— ווער איז דער פרינץ מיט דער פרינצעסין?

מאַמעשי, דו דערקענסט אונז ניט? — האָבן די קינדער אויסגעשריגן.

די מאַמע האָט זיי אין די אויגן אַרײַנגעקוקט און משהלען און חנהלען דערקענט.

די קינדערלאַך האָבן דער מאַמען אַלץ דער-ציילט.

האָט זי זיך שטאַרק דערפרייט, זיי געקושט, גע-האַלזט, געאָרעמט, געטאַנצט.

זיי האָבן געטרונקען, געגעסן און אליהו הנביא ניט פאַרגעסן.

# דער מילנער, די מילנערן און די מילשטיינער



עווען אַמאָל אַ מילנער און אַ מילנערן, האָבן זיי געהאַט אַ פּאָר מילשטיינער.

פלעגן דער מילנער און די מילנערן זאָגן:

— מילשטיינער, מילשטיינער, גיט אונז קאָרענע מעל, באַקן ברויט אויף דער וואָך!

האָבן די מילשטיינער געגעבן קאָרענע מעל, און דער מילנער און די מילנערן פלעגן באַקן ברויט אויף דער וואָך.

— מילשטיינער, מילשטיינער, גיט אונז ווייצענע מעל, באַקן חלה אויף שבת!

האָבן די מילשטיינער געגעבן ווייצענע מעל, און דער מילנער און די מילנערן פלעגן באַקן חלה אויף שבת.

גייט איינמאָל דער פּריץ, זעט ער, ווי דער מילנער און די מילנערן בעטן מעל בײַ די מילשטיינער און די מילשטיינער גיבן.

קומט דער פריץ צו דעם מילנער און דער מילנערן:

— מילנער און מילנערן, קאָן מען ביי אײַך איבערנעכטיקן?

— מע קאָן!

ביינאַכט איז אויפגעשטאַנען דער פריץ, גענו-מען די מילשטיינער, איינעם אונטער דער רעכ-טער פאַכווע, איינעם אונטער דער לינקער פאַכ-ווע און אַוועקגעגאַנגען.

אינדערפרי, אויפגעשטאַנען דער מילנער און די מילנערן —

נישטאָ די מילשטיינער!

האָט דער מילנער און די מילנערן געשיקט דאָס פערד צום פריץ, אָפּנעמען די מילשטיינער.

געקומען דאָס פערד צו דעם פריץ:

— פריץ, פריץ, גיב אָפּ די מילשטיינער!

— איך וועל ניט געבן!

און דער פריץ האָט גענומען דאָס פערד און אָפּגעפירט צו זיך אין שטאַל אַריין.

איז דאָס פערד צוריק ניט געקומען.

האָט דער מילנער און די מילנערן געשיקט די קו צום פריץ, אָפּנעמען די מילשטיינער.

געקומען די קו צו דעם פּריץ:

— פּריץ, פּריץ, גיב אָפּ די מילשטיינער.

— איך וועל ניט געבן!

און דער פּריץ האָט גענומען די קו און אָפּגע־פירט צו זיך אין שטאַל אַריין.

איז די קו צוריק ניט געקומען.

האָט דער מילנער און די מילנערן געשיקט די ציג צום פּריץ, אָפּנעמען די מילשטיינער.

געקומען די ציג צו דעם פּריץ:

— פּריץ פּריץ, גיב אָפּ די מילשטיינער!

— איך וועל ניט געבן!

און דער פּריץ האָט גענומען די ציג און אָפּגע־פירט צו זיך אין שטאַל אַריין.

איז די ציג צוריק ניט געקומען.

זאָגט דער האָן:

— איך וועל גיין אָפּנעמען די מילשטיינער!

געקומען דער האָן צום פּריץ:

זאָגט דער האָן:

— פּריץ, פּריץ, גיב אָפּ די מילשטיינער!

— איך וועל ניט געבן!

איז דער האָן אַרויפגעשפּרונגען אויפן פענס־טער, אַריינגעשטעלט זיין שנאָבל דעם פּריץ אין רעכטן אויער אריין:

— פּריץ, פּריץ, גיב אָפּ די מילשטיינער, אַז ניט, פּיק איך אויס דיין מוח!

דער פּריץ געוואָרן אין כעס, געכאַפּט די שווערד, געוואָלט אָפּהאַקן דעם האָן דעם קאָפּ.

דער האָן האָט געגעבן אַ פלי אָפּ —

און זיך דאָס רעכטע אויער אָפּגעהאַקט!

האָט דער האָן אַריינגעשטעקט זיין שנאָבל דעם פּריץ אין לינקן אויער אַריין:

— פּריץ, פּריץ, גיב אָפּ די מילשטיינער, אַז ניט פּיק איך אויס דיין מוח!

דער פּריץ איז געוואָרן אין כעס, געכאַפּט די שווערד, געוואָלט אָפּהאַקן דעם האָן דעם קאָפּ.

דער האָן האָט געגעבן אַ פלי אָפּ —

נאָר זיך דאָס לינקע אויער אָפּגעהאַקט!

איז דער האָן אַרויפגעפלויגן דעם פּריץ אויפן קאָפּ:

— פּריץ, פּריץ, גיב אָפּ די מילשטיינער, אַז ניט, פּיק איך אויס דיין מוח!

דער פּריץ האָט זיך דערשראָקן און אָפּגעגעבן די מילשטיינער.

דער האָן האָט גענומען די מילשטיינער, איינעם אונטער דעם רעכטן פליגל, איינעם אונטער דעם לינקן פליגל.

זאָגט דער האָן צו דעם פּריץ:
— פּריץ, פּריץ, לאָז אַרויס דאָס פּערד פון שטאַל!
דער פּריץ האָט אַרויסגעלאָזט דאָס פּערד פון שטאַל.
— פּריץ, פּריץ, לאָז אַרויס די קו פון שטאַל!
דער פּריץ האָט אַרויסגעלאָזט די קו פון שטאַל.
— פּריץ, פּריץ, לאָז ארויס די ציג פון שטאַל!
דער פּריץ האָט אַרויסגעלאָזט די ציג פון שטאַל.
זיינען זיי אַלע אַוועק אַהיים צו דעם מילנער און דער מילנערן, וואו זיי לעבן נאָך ביז היינט.

